מיט ליבע און אכטונג ווידמע איך דאס בוך
מיין ליבער פרוי איידע
און די ליבע קינדער
גוירטרוד, ארנאלד און אוירווינג.

דוד פעפער

# לידער





פעטערסאָן, ניו דזשוירזי

1942

געדרוקט ביי
מאָררים ס. גראָססמאָן
16 וועסט בראָדוויי



א

כ'האָב די מידקייט אויסגעטאָן
און מיט לייכטע, גרינגע הענט
שרייב איך מיינע ווערטער —
ווערטער נישט קיין טינטיקע;
נאָר בלוטיקע,
וואָס רייסן זיך
פון אַ פאַרבענקט האַרץ —
און זאָלן מיינע קוואַליקע רייד
פליסן, שטראָמען —
אין מידע נשמות.

ב

הינטער נאַכט'ס פינצטערע פליִיצעס
האָט מיין ליד זיך געמאָלן ;
מאָלנדיק
האָט די פינצטערניש אויפגעלויכטן
און ווי אַ בעכער אַ צעשטראַלטער,
זיך אַוועקגעשטעלט.
מיין ליד האָט ציטערדיק
דעם בעכער גענומען,
אַ כוס מיט פרייד דעם מאָרגן דערלאַנגט
און שעמעוודיק,
הינטער נאַכט'ס פינצטערע פליִיצעס
זיך באַהאַלטן.

ג

און ווילסטו זען מיין געשטאַלט ? —
נעם איך דעם שטאָק,
פּאַטש אין וואַסער ;
ס'וואַסער שפּריצט,
טורעמט צום הימל.
דו זעסט מיך נישט,
נאָר דעם דורכזיכטיקן וואַסער-בויגן,
וואָס ציט אין דער הויך. —
לאָזן די וואַלן זיך שטראָמען,
לויפן כ'וואַליעדיק פון פעלז אַראָפּ.
זעסטו נישט
מיין זילבערנע טרער,
נאָר שנייאיקע וואַסער-פאַלן —
שוימיקע צעפּ
לייכטן פון טאָל.

ד

כ׳בין ווי דער רייטער
אויפן קופערנעם פערד,
וואָס שפּיגלט זיין ריטערישקייט
אין דער בראָנזענער פיגור אָפּ;
נאָר ס׳שימלט זיין יחוס
און גלאַנצט מיט גרינע שטויבן
אין דער וועלט אַריין.

ה

כ׳האָב טאַנצן געזען,
טאַנצן אין ווייסע קיטלען
מיט הוילע פּיס.
געקלאַפּט האָבן פּויקן, טאַצן,
געקלאַפּט און געקלאַפּט.
און ווען דאָס קלאַפּן
און טאַנצן
האָט אויפגעהערט,
האָבן זיך געבויגענע קעפּ,
אין ווייסע קיטלען
מיט הוילע פּיס
געטראָגן איבער דער וועלט.

ו

ס'האָבן טאַנצנדיקע אייביקייטן
מיך אויפגעהויבן,
און אויף ליכטנדיקע שפּיצן
אַוועקגעזעצט.
זיץ איך אַזוי,
ווי אַ טויב אַ מעוברת'דיקע
און קוק
אויף די טאַנצנדיקע אייביקייטן.

ז

ליגט זיך אַזוי
אַ בּריאה׳לע אַ קליינס,
און רינגלט מיטן צינגל
זונעלאַך אוים.
הויבּ איך עס אויף
צודריװעלט זיך ס׳ליכט,
לאָז איך׳ם אַראָפּ.
ליגט זיך אַזוי
אַ בּריאה׳לע אַ קליינס,
און רינגלט מיטן צינגל
זונעלאַך אוים.

ח

רוט דער מידער פויגל
אויפן בראָנזענעם זשאַבע־קאָפּ,
און טרינקט פון פאָנטאַן־מויל
ס'שפּריצנדיקע וואַסער.
שטיפט מיט די שפּילנדיקע זונען־שטראַלן,
און מיט טאַנצנדיקע פליגלען
פאַרפליט ער.

ט

ס'האָט אַ זשאַבע-מויל
זיך אויפגעפראַלט
און קײלעכדיקע גאָלד-קוואַקעלאַך
אויסגעשפּיגן.
פישלאַך הונגעריקע
האָבן זיי איינגעשלונגען,
און מיט בייכלאַך פּערלדיקע
פאַרשווימען.

י

כ׳קוק זיך איין,
ווי מיליאָנען ווערמלאַך
רויען אויפֿן זומפּן־פּלאַך,
און מיר דאַכט זיך,
אַז אַ דעק אַ גאָלדענע
ליגט אויסגעשפּרייט,
און קליינע מלאכים׳לאַך
שפּילן זיך אויף איר.

יא

אַ שטול אַ גאָלדענער
הענגט אין די הימלען
און דו,
זיצט אויף אים
און וויגסט זיך.
שפיגלט דיין שאָטן
אויפן אייביקן טורעם
און פלאַטערט,
ווי אַ טויב
מיט גאָלדענע פליגלען.

יב

וועסט אַ שטראַלנדיקע
פֿון מזרח-בעט אַרויסשפּרינגען.
אַ טאָג אַ ליכטיקן צעטאַנצן.
און ווי אַ שמעטערלינג אַ גאָלדענער
אויפֿן מערב-ראַנד פֿלאַטערן.

## יג

אַ שלאַנגען-ראָד
אין ראָד
נאַקעטע געשטאַלטן —
זיי טאַנצן, טאַנצן.
און אַ שלאַנג
בייסט פּיצלאַך וועלטן
און וואַרפט
אין ראָד אַריין.
דער טאַנץ
ווערט שווינדליק,
די געשטאַלטן
ווערן נישט
און חיות טאַנצן,
דער טאַנץ
פאַרנעפּלט זיך
און אין פאַרנעפּלטן שלאַנגען-ראָד
דרייען זיך —
פּיצלאַך געשטאַלטן
מיט פּיצלאַך וועלטן,
ווי צונויפגעהאָפטענע פּופּעס.

יד

קאַלערן זיך זונען
איבער יונג-אַלטע בערגלאַך
און קריצן אויף די זעמדלאַך
מיין נאָמען אוים.
הויב איך זיך צו די בערגלאַך —
צעלאַכן זיך די זונען
און קאַלערן זיך מיט די זעמדלאַך
ווייט אַוועק.

יח

כ'האָב געשוויגן,
געשוויגן.
די אויגן די גרויסע
זיינען קליין געוואָרן.
ס'פּנים ס'טאָגיקע
האָט זיך אויסגעטאָן.
און דער קערפּער דער ליכטיקער
איז ווי אַ נאַכט-קנויל
ליגן געבליבן.
און פון מויל
האָט אַ תּפילה אַ דינע
געזיפּט זיך .
פון זומפּן ווייטע
האָבן יאָרן פּאַראָפּעטע
געשליימט זיך.
און אַז כ'האָב זיי אָפּגעשווימט —

איז אַ לעמל אַ ווייסעם
אויסגעאַקסן.
און אויף די פּלייצעס מיינע
זיך אָנגעטאָן.
און צונויפגעטוליעטע
אין דורות
אין טיפע געטאָפּטשעט.
און איבער אַ שאָטן
איבער אַ ליגנדיקן געפאַלן.
און אַז כ'האָב זיך אויפגעהויבן,
זיינען די אויגן די קליינע
גרויס געוואָרן.
און לייכט ווי אַ פעדער
איבער וועלטן איבער נייע
געטראָגן זיך
און געשוויגן,
געשוויגן.

יז

כ'בין נעבן מיר
און ווייס נישט ווי אזוי ?
וואונדער איך מיך —
ווער איך גרויס,
ווי די וועלט.
דין,
ווי אַ בלאָז.
פֿאַריר איך מיך —
צוגיי איך
אין אַ רעגנבויגן.

יז

אויף אַ שטיין
האָט אַ וואַסער-טראָפּ
אין אַ מענטשעלע זיך אויסגעפורעמט ;
שטייט עס אַזוי,
ווי ס'וואָלט זיך פאַרנויגט
פאַר דער דורכזיכטיקייט,
וואָס שפּיגלט זיין פיגורל
אין קוועלעכל אָפּ.

יח

האָסט זיך באַוויזן
מיט אַ ברייט-צעשפּרייטן פֿעכער
און גענומען טאַנצן
אַ מזרח׳דיקן טאַנץ ;
טאַנצנדיק
האָסטו, ווי אַ גרויסער אָריענטאַלישער פֿויגל,
זיך אויפֿגעהויבן
און ווייט אין די וואָלקנס
פֿאַרשוואומען.

יט

כ׳האָב די אומעט-צויטן
פון באַגינען-מאַנטל אָפּגעריסן
און זיי צו די קוואַלן-פּיס געוואָרפן.
מיידל-טייכלאַך האָבן אויפגעשוימט
און שמייכלענדיקע זונען-פרענז
איבער מיין קאָפּ געשפּרייט.

כ

דורכן שייבל

האָסטו אַ שמייכל געטאָן ;
כ'האָב דײַן שמייכל באַהאַלטן
און ווי אַ פאַרבענקטער בין־השמשות
דיר אַנטקעגנגעגאַנגען.
מיר האָבן שעמעוודיקע זיך אָנגעקוקט
און דו האָסט אַ לויכטנדיקע
איבער אַלע זונען געלויכטן
און דײַנע האָר דײַנע גאָלדענע
האָבן צעשויבערטע
איבער אַלע וועלטן געגאָלדיגט.
מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ
האָב איך זיך דערנענטערט צו דיר
און מיט שוואַכן אָטעם
דײַן זוים באַרירט.
האָסט מײַן הויך מײַן ציטערנדיקן
נישט אָפּגעקייטלט
און מיך מיט דײַן פלאַם
אַדורכגעבריט.
אַזוי זײַנען מיר געשטאַנען
פאַרוועבט אין יוגנט,
פאַרהייליגט אין שטילקייט
ביז ס'שייבל איז אַ צעבראָכנס
געפאַלן אויף אונז.

## כא

וועז אין דמיון
מישן זיך זכרונות,
ווי בלעטער פון א בוך —
און איך דעם ציטער
פון דיינע גלידער,
ס'שווייגן, ווי ס'גראָז אויף דר'ערד:
צעבלי איך מיך, ווי אַ גאָרטן,
טו מיט בלומען דיך באַהעפטן:
צעבלענדסטו זיך אין אַ רעגנבויגן,
ציסט זיך, ווי אַ וואונדער —
ביז די זכרונות, ווי בלעטער
הערן אויף זיך מישן,
דער דמיון, ווי א בוך
פאַרמאַכט זיך
און באַהאַלט דיך,
ווי אַ נישט דערשפינטע לעגענדע
אין אַ הייליק פאַרשלאָסן ספר.

כב

ווען דו האָסט זיך באַוויזן
מיט'ן פּנים ווי אַ קינד, —
האָט שעה נאָך שעה
אַ ווייסע רו
געטריפט,
ווי אַ מילך־טראָפּ
פון אַ מאַמעס ברוסט.

כג

קום, פאַרבינד מיין וואונד,
היל אין דיין וואַרימקייט מיך איין.
און אַז כ'וועל איינדרימלען
זאָל איך אויף אַ חלום רייטן,
דו אויף מיין שוים זיצן
און מיט דיין שעמעוודיקייט
באַגיסן מיך.

## כד

טוליע מיך
צו דיר.
כ'וויל איינשלינגען
אַ שלוק,
פון דיין לייב.
אויסשפּייען אַ פלאַם —
פון מיין זיין.
אויסלעשן אַ שאָטן —
פון מיין איך.
און אויפבלעזלען
אויפיערן,
אויפגיין.
און,
ווי אַ ווערימל אַ קליינס —
קלאַמערן זיך אָן דיר
אַרומגאַרטלען
דיין פייערדיקן זוים.
שפּילן זיך
מיט דיין פלאַם.
און סמאַליען אין דיין אָטעם.
טוליע מיך
צו דיר.

## כח

דיין האַנט
איז דער אָנהאַלט
פון מיין וועלט.
און נעמסטו זי צו,
איז דער אָנשפּאַר פון מיין לעבּן
אַ וויגנדיקער בּריק.

כו

ס'האָבן די פינגער דיינע,
ווי דין-אויסגעצויגענע שטראַלן
געגלעט מיך.
כ'האָב זיי אָנגענומען —
געוואָלט ציען זיך צו דיר:
זיי האָבן זיך אַרויסגעגליטשט.
און אויף דיין אָרט,
האָט אַ שיין אַ קיילעכדיקער
געוואַקלט זיך,
געבלענדט.
און געבלאָנקעט
האָבן די אויגן,
ווי צוויי טויטע לבנות.

כז

כ'רוף דיך —
און אַז דו קומסט נישט
פאַרבלי איך,
ווי אַ גאָרטן.
ווייס איך נישט
וואָס איך בין:
צי אַ בלום,
צי אַ דאָרן —
דוכט זיך מיר
כ'בין ביידע.
וואַרט איך פאַר דיר,
ווי פאַר אַ גערטנער,
אַז דו זאָלסט קומען
מיך באַלעבן.

כח

ווי אַ מאַמע־האַנט
האָט דיין באַשיידנקייט
געלאַשטשעט מיך.
פאַרוואיקט ס׳געמיט
און ווי אַ זויגנדיק קינד
מיך איינגעשטילט.

כט

שטיל, שטיל,
נישט רוף,
נישט רעט —
שאַ ;
שטיל, שטיל,
פלאַקער
אומשטערבלאַך פייער, —
פלאַקער ;
שטיל, שטיל,
מיט דיין סוד
פאַרגיי,
אומגליקלאַך קינד ;
שטיל, שטיל,
מען וועט שפּאָטן
פון דיר —
מיין פאַרליבט האַרץ.

ל

קוואַל רויטער —
געטובלטע שטילקייט מיינע,
וואָס דרענגסטו זיך אַזוי?
שאַ, שטיל.
צוים אין די טיפן דיינע,
צוים.
וועלן גרונטן
אַראָפּציען דיך.
שווייג, שטום.
קלאַפּ אין די שטילקייט-טאַצן,
קלאַפּ.
ביז רגע'ם בלאָע
וועלן ווי רויגן-אייגלאַך צוקוועטשטע
אין די טיפן פאַלן,
און ווי ווייס-געצוואָגענע שעפּסלאַך
קלעפּן אָן דיר.
קוואַל רויטער —
געטובלטע שטילקייט מיינע.

לא

ווי אַ סקולפּטור־קינד,
וויל זיך ליגן אויף דער מאַמע־ברוסט
און קוקן ווייט
אין רוים אַריין.
בלאַנקן זאָל דער בליק,
ווי אַ שטערן־אויג
און גלעטן זאָל די מאַמע־האַנט
מיין יונגן קאָפּ.

לב

ווי אַ קראָ,
פּיקט די צייט מיין לעבן —
און וויל איך אַנטרינען,
בין איך ווי אין אַ רינג,
וואָס ווערט ענגער און ענגער,
ווי צום נויפדריקן מיך,
ווי אַ פינגער.
און שטרעק איך אויס מיין האַנט
בלייבט זי ווי דער גרויל
אין לופטן הענגען ;
זע איך מיך ווי אַ קינד
אַליין אויף אַ טורעם ;
איבער מיר כמאַרעס, וואָלקנס,
שוואַרצן, ווי דער טרויער
אין מיין האַרצן ;
קוק איך אויפן חושך
און ס'דאַכט זיך —
אַז צוויי בלינדע
זוכן זעעוודיקע אויגן
באַ דער וועלט,
וואָס זאָלן דורכדרינגען דעם טרויער,
ווי די זון, די וואָלקנס
און צעשטראַלן פענצטער
אין פינצטערן לעבן.

לג

נישט גענוג וואָס די צייט
ליגט ווי אַ פלאַסטער
אויף מיין לעבן
בין איך נאָך,
ווי אַ שפּאָן אויפן וואַסער,
וואָס ווערט פון כוואַליעס געטראָגן.
אָ, לעבן מיינס,
וואו איז די האַנט די געבענטשטע,
וואָס זאָל פון די טיפן,
צי פון די הויכן
גרייכן מיך
און אַראָפּשליידערן די שטורעמס
פון מיינע פּלייצעס,
אָפּווישן דעם שרעק,
וואָס איז אָפּגעדעקט
און קוקט אויף מיר
פון אַלע וועלטן.

א

אויף פּוסטע פליגלען
שוועבן מיינע מינוטן,
און פאַלן מיט אַ קרעכץ
אין טיפן תהום.
שוועב איך אַ שאָטן
אויף זייערע פליגלען,
און ס׳שלאָפט אַ נעפּל
אין מיינע אויגן.

בּ

שלעפֿן זיך מאָרגנס.
ווי זקנים קראַנקע.
און טעג,
ווי טאָרבּעס ליידיקע
באָמבּלען
אויפֿן רויט-בּלוטיקן
שפּיץ זייערן.

ג

ראָלט זיך אַ ווינט
איבער רויט-ברוינע גראָזן,
גליטשט זיך ווי אַ שלאַנג
איבער זייערע קעפּ.
וויגט זיך אַ האַרבסט
אויף זייערע שפּיצן,
און פרישעט ס'גאָלד
דער וועלט אין פּנים.

ד

אויף ווייס-רויטע לייבער
רו איך.
שוואַרצקייטן ווייטע
גענענען
און פרעסן מיך.
צעווילדעווועטע שפרינגען זיי אָפּ
און וואַרפן זיך צעלעכערטע
אויף אויסגעטריקנטע
גאָרנישטקייטן.

ח

נישט שרעק זיך
פֿאַר די פֿליגל מיינע
און קלאַפּן זיי,
הערסטו קיין דונער-קראַך,
זעסט קיין בליץ-פּאָך —
נאָר אַ שוואונג אַזאַ,
וואָס טראָגט זיך,
ווי אַ שוואַלב.

ו

ווי די בלום
דעם שמעטערלינג
טו מיך עמפּפֿאַנגען !
צעטאַנצן וועל איך ס׳לעבן,
צעפּלאַטערן אַ חלום.
און אַז קומען וועט דער האַרבסט,
וועט ס׳גאָלד פֿון מיין פֿרילינג,
ווי אַן אינדיאַנער-זומער
בלענדן פֿאַר מיר.

ז

מיין געליטערט וואָרט,
איז פון דיין האַרץ,
ווי פון אַ שטאָלענער וואַנט
אָפּגעשפּרינגען —
בּלוטיקט עס
און טאָפּלט איז די וואונד
פון אַנטוישונג.

ח

ווי אַ טויכער
וועט ס׳געווייסן דיינס
די געפילן מיינע,
ווי זינקנדיקע שיפן
אַרויסהויבן
און מיט פרייד
באַציערן זיי.

ט

ס'איז שוואַרץ,
ווי ס'וואָלט די נאַכט
געלעגן אין מיר;
שוואַרצער נאָך
איז דער טאָג,
ווען זיינע שעה'ן,
ווי קראָען
פּיקן מיין האַרץ,
שאַרפן ווי אויף אַ שלייף־ראָד
דעם פּיין —
גליטשט זיך ס'לעבן
פון דין־אויסגעצויגענע פינגער
און ס'בלייכט מיין געשטאַלט,
ווי אַ ווייסער פראָסט.

י

כ׳ליג
און צוקאָפּנס ציטערט אַ פלעמל:
פלאַטערט.
ווי אַ שוואַכער ברוגז
און ציט,
ווי אַ וואָלקנדל אַוועק.

יא

ווי אַ פּיאַווקע
האָב איך ס'לעבן איינגעזאַפּט
און מיט קראַנקן-הויך
זיך אָנגעשטעקט.
ליג איך אַ גוסס'דיקער
און אַרום
שטייען מיינע יאָרן,
ווי פאַרקרימטע פיגורן
און פאָכן דעם טויט אויף מיר.

יב

נישט ציטער
לעבן מיינם:
כ'האָב אַ קראַנץ
פון דיינע רגעס געפלאָכטן
און שטאַרב איך
וועט מען אים
אויף מיין קבר לייגן.
אַז אויך נאָכן טויט,
זאָל ער אָפּשפּיגלען
דיינע פאַרבן.

יג

ווי אַ ליכטל
וועל איך פֿלעמלען ;
מיין געביין —
וועט ווי אַ קנויט זיך אַשן ;
ס'לעבן —
האָט שוין אַלץ גענומען ;
דעם טויט —
קאָן איך בלויז
דעם ליימיקן גוף געבן.

יד.

נאָך מײַן טויט,
זאָלן די יסורים מײַנע,
וואָס זײַנען
מיטן וועלט-שמערץ,
באַהאָפטן געוועזן —
זײַן אויסגעקריצט
פֿאַר מענטש
און אויך פֿאַר גאָט.

## יה

ס׳האָבן נאַכט-לויות
די שוואַרצע וועגן צעבראָכן.
און די שטיקער,
אויף ס׳קעלעטן-בריקן צעוואָרפן,
מתים האָבן געשפּילט.
געטאַנצט,
מיט זייערע צעפּאַלמעסטע טעג.

## יו

דער סקעלעטן-טאַנץ
הילט אין פּחד
מיך נישט איין,
כ'וואָלט אַליין
אין אים געשוועבט,
ווען ס'וואָלט מיין רגע
אין לעבן זיך געוועבט
ווען ס'געבּיין איז דאָ,
איז ס'געדעכעניש אַ טענצער
און טאַנצט,
אין די אייבּיקייט אַריין.

יז

ס'וועט אַ שטויבל מיינס,
איבער מיר זיך אויפהויבן.
און ווייט
אין לופט אַריין זיך טורעמען.
איבער רוימען פאַרצוימטע
שפּאַרן זיך.
און ווי אַ ווינט
ס'בערגל מיינס דורכשניידן,
און לאַנג, לאַנג
רוען אויף מיר.

יח

ליגסט אויפן שאָוול
און חלומ'סט —
פון בלענדיקע זונען,
זילבערנע שטראַלן
און גאָלדענע מיצן ;
דער שאָוול קערט זיך איבער
און דו פאַלסט,
ווי אַ בערגל מיסט
דעם טויט אין די אָרעמס.

## יט

גוף מיינער —
אויסגעפורמטע פּאָדקאָווע,
וואָס שלעפּסטו מיך —
אַרויף ? אַראָפּ ?
אויבן —
צו דער האַלב-ווייסער לבנה.
אונטן —
צום האַלב-שוואַרצן רינג.
קלאַפּט ס'פּנים מיינס
אָן שאָטן דיינעס,
הויבסטו עס אויף —
צעפּאַלן די ביינער דיינע,
קלייב איך זיי צונויף —
פורעמען זיי זיך
אין אַ האַלב-רונדן האָרן אוים.
שלעפּט ער מיך —
אַרויף, אַראָפּ.
אויבן —
צו דער האַלב-ווייסער לבנה.
אונטן —
צום האַלב-שוואַרצן רינג.
גוף מיינער —
אויסגעפורמטע פּאָדקאָווע.

כ

שטימונגען,
זיינען ווי פייגל —
זיי פאַרפליען
און קומען צוריק ;
זאָלן זיי קומען,
די פלאַטערלאַך מיינע
מיט די העלסטע גרוסן
צו מיר.

כא

ווי אַ פענצטער
עפן איך מיין פרייד —
אַז לויכטן
זאָל זי פאַר דיר.
מיין טרויער,
ווי אַ טיר פאַרשליס איך —
אַז טונקלען
זאָל ער פאַר מיר.

כב

ווײל איך דעם טאָג,
ווי אַ ווײסן פּאָדעם שפּינען, —
פֿאַלן זײַנע שעה'ן,
ווי פּײערדיקע בײטשן אויף מיר.
ווײל איך די נאַכט,
ווי אַ שוואַרצע שנור איבערריײסן—
דעקט איר טוך,
ווי אַ טויטן-דעק מיך צו.

כג

כ׳קלייב, כ׳קלייב
די מיסטן מיינע
און אַז דער זאַק איז פול, —
לייג איך אים צוקאָפּנס
און וואַך, וואַך —
ביז די מיסטן מיינע
פאַרשלעפערן מיך.

כד

טאַנצט מײַנע פֿיס !
טאַנצט !
טאַנצט אויף די שפּיצן
די גאַל אוים.
און אַז דער קערפּער
וועט אין שלאַנגען-ראָד
קרעמפּן :
צעטאַנצט זיך שטאַרקער !
טאַנצט !
און טאַנצט אויף די שפּיצן
די גאַל אוים.

כה

און אַז די תאווה
שנײַדט ווי אַ מעסער
דײַן לײַב,
וואַרפסטו די נאַקעטקייט
פֿאַר די הינט פֿאַר די צערײַיצטע,
באַלעקן זײַ זיך
מיט די גלוסטונגען דײַנע.

כו

דערזעענדיק דיין האַנט-שריפֿט,
האָבן זכרונות,
ווי טויבן אויפֿגעטויכט
און רגע׳ם ליכטיקע צעפֿלאַטערט,
צעבלאַנקט פֿאַרגאַנגענהייט-שטראַלן
און דיך אַ הייליקן געשטאַלטיקט. —
און איך, —
אַדורכגענומען מיט ליכט,
האָב קוקנדיק אויפֿן כתב,
דיין געגנוואַרט-שיין,
איינגעקריצט
אין מיין האַרצן.

כז

בלאַנקסט פון וועלט צו וועלט,
דיין נאָמען גאָלדיגט אין די רוימען.
אויף דיין געזיכט שפּילט ס׳גליק.
די פרייד מיטן געבורט טאַנצן,
ווי אַ צווילינג אַרום דיר.
די צייט טוט פאַמעלעך,
דיין יונגקייט אַוועקשיפן,
מיט אַלטקייט באַקליידן.
צעגראָט דיין געשטאַלט,
צעטונקלט דיין נאָמען.
און ווען שאָטנס ווי שפּינען,
שפּרינגען דיר אַנטקעגן
שרעק ווי שטריק האַלט דיך געפּענטעט.
דערזעסטו —
אַז ס׳האָט ווער דיין לעבן,
ווי אַ בליצלאָמפּ צעצונדן,
די יאָרן ווי קנויטן געברענט.
און דיך ווי אַ באַניע
אויסגעטריקנט.

## כח

ס'האָט אַ חוזק
אַ צונג אַ לאַנגע אויסגעשפּיצט
און חלל-לאָמפּן
צעצונדן.
פלעמער גרינע
האָבן זיך צעפלאַטערט
און אויסגעשטיקטע געלעכטערס
איבער דעכער געפּאָכעט.

## כט

אַזוי וויל איך,
אַזוי וויל איך.
און אַז ס׳צויבער-אייגל וועט ווינקען,
וועט זיך ס׳פּעדערל-גאָט
צעבלאָזן
און שדים-פּייקלען
צעקלאַפּן.
און אַז רוימען פּאַרשלאָפענע,
וועלן זיך אויפכאַפּן —
וועלן דורך שפּאַלטן נאַכטיקע
מכשפות ציען
און שרייען :
אַזוי וויל איך,
אַזוי וויל איך.

ל

כ׳טראָג זיך
אין הימלען אין ווייטע.
אַ מבול אַ דורות׳דיקער
טובל׳ט מיך,
און כ׳שוועב,
צו פייערן צו אייביקע —
און ס׳געשריי מיינס
טראָגט זיך
אויף אַ מיצל אויף אַ וואָלקנדיקס.

לא

שטייסט אויף אַ טורעם
און דיר דאַכט זיך,
אַז דער הויך דיינער
איז די לופט,
דער אָטעם — דער ווינט
און דו אַ גאָט!
ווילסטו צום הימל זיך הויבן
און שפּילן מיט ליכטער,
ווי מיט בלאַנקנדיקע חלומות,
באַפליגלט דיך אַן אומרו,
ציט דיך פון די הויכן;
און אַז דו נידערסט אין תהום׳ען,
כאַפּט ער דיך, ווי אַ מענטשן-קינד,
וואַרפט דיך צום ערד-וואָרעם
און באַדעקט דיך
מיט שטיינערנע דעקן.

לב

שטיי איך אַזוי און קוק,
גיט אַ גלעזל אַ ברי מיר —
גיב איך זיך קיין ריר נישט.
בראָט איך זיך אַזוי
אין רערלאַך
אין גלעזערנע,
טונקל איך דער זון אַנטקעגן.
קוקט זי אַזוי,
פינטל איך וואָלקנס אויס.
לאָזט זיך איבערן דעכל
איבערן גלעזערנעם אַראָפּ:
גיב איך זיך קיין ריר נישט,
ציט זי רויטע שנורן אויס,
שטיי איך אַזוי און קוק.

## לג

כ׳באַהאַלט מײַנע סודות
אַפֿילו װען זײ ברענען,
װי גליענדיקע קױלן.
און לאָז איך זײ פֿון האַרץ אַרױס,
איז װי כ׳װאָלט
געטובל׳טע קינדער,
אױף מיסטן געװאָרפֿן.

## לד

זע די וועלט —
ווי דו האָסט זי דיר געשאַפן. —
שפּיגל זיך אין איר טוי,
צוואָג זיך אין איר קוואַל,
טובל זיך אין איר האַרץ.
וואַרפט ווער אַ וואָרט,
ווי אַ האָגל-קייקעלע דיר צו
נישט נעם אין אַכט,
נישט טראַכט !
וואָס האָסט אין חלום געפורעמט,
וועט צעפאַלן,
און צוקאָפּנס וועלן ליגן
דיינע יאָרן ווי שטיינער.

לה

ווי אַ זאַק מיט שמאַטעס
שלעפּ איך די וועלט
אויף מיינע פּלייצעס
און דורות,
ווי שלאַנגען
שלאַמפּערן זיך נאָך
און קנאַקן
אונטער די טריט.

## לו

ווי אַ גלאַטער דיל
ליג איך אויסגעלייגט.
און דו —
מיט גאָלדענע פּיס,
שפּרייזט איבער מיר.
כ'הויקער זיך
און פורעם אין אַ קעמל זיך אוים.
און דו—
ווי אַ שלאַנקער הירש,
שפּרינגסט איבער מיר.

א

כ׳שלים, כ׳שלים,
די שליסלען צעבּרעכן זיך.
רויט-צעצונדענע קערפּערס צעפלאַקערן
זיך
און מיט צעפלאַמטע נעגל קריכן זיי
און פאַרפלעכטן זיך,
מיט צעשמאָלצענע שנור-קערפּערס.
כ״שריי —
און ס׳געשריי מיינס פאַלט,
באַם פאַרהאַקטן הימל-טויער
און שטאַרבּט.
דורך די פלאַמען רייס איך זיך,
צום טויטן רוף מיינעם
און פרעס אים, צו די פאַרבּרענטע נשמות,
פרעס אים
און כ׳שלים, כ׳שלים,
די שליסלען צעבּרעכן זיך.

ב

לויפט ווער, לויפט
מיט גלי-זעק אויף די פּלייצעס:
לויפט דאָס לויפן אים נאָך —
צעשפּריצן זיך פונקען,
פאַרהילן זיך האַרבסט-דעקן,
קנוילן זיך בלעטער,
טוליען זיך אַש-קערפּערס —
צעלויפן זיך מזלות,
לויפן, פון לויפנדיקן
מיט די גלי-זעק אויף די פּלייצעס
און פאַלן, פאַלן.

ג

העי,ווילדער פלאַקער!
דיינע פייערן לעשן זיך.
פון די אַשעס צינדט זיך
ס'ליכט פון דערלייטערונג.
דער חרטה-פלאַם פונם מענטשן-קינד,
און דורך די פלאַמען —
ציען זיך, ציען זיך געשאָכטענע
געפרעסט ליפּ צו ליפּ,
האַרץ צו האַרץ.
און מיט געבויגענע קעפּ וואַרפן זיך די שעכטער
אין די פלאַמען.
און דאָס פייער פלאַקערט, פלאַקערט.
און איבער דער וועלט,
לייכט, שטראַלט.
דאָס הייליקע אַשן-ליכט פון דערלייטערונג.
העי, ווילדער פלאַקער!
דיינע פלאַמען לעשן זיך.

ד

פון די מויערן קריכט די נאַכט
און פאַרהילט די וועגן ;
אויף די פלאַכן אירע,
שוועבט די שטילקייט
און קושט דעם וואַנדערער.

ה

ווינקלען ליכטיקע,
ווינקלען טונקעלע,
וויקלען אומעטום:
וואַנדער איך
פון ווינקל צו ווינקל,
לאַכן זיי,
וויינען זיי.
רוף איך די לאַכנדיקע,
רוף איך די וויינענדיקע,
האַלטן זיי שלעסער.
ריים איך זיי,
ריים איך זיי.
און פאַל אַ פאַרבלוטיקטער:
פליסט מיין בלוט און פליסט,
איבער דער וועלט׳ס
מיסטישן לאבירינט.

ו

ס'טראָגט זיך אַ געבּרום
פון טויזנטער קולות,
ווי געקוילעטע דורות
און פאַרטויבּן די רוימען.
ס'פּראַלט זיך די ערד
און קעפּ,
מיט שלאַנגען אויף די העלדזער,
הויבּן זיך אַרוים
און שפּיצן זייערע קנאָכן,
צו פאַרהאַקטע הימלען.

ז

בײַ טירן ערדישע
בין איך שטײן געבליבן.
דער קוק מײַנער
האָט זיך אומגעקוקט
און אַ פֿאַרגליװערטער,
אין שװאַרץ-גרינע, פֿלאַמען- צעפּ
זיך אײַנגעפֿלאָכטן
און אַ צעשמאָלצענער
זיך אױסגעגאָסן.
פֿון די טראָפּנס
איז אַ צאָרן-בײַטשל אױסגעװאַקסן
און געשמיסן
אין מײַן פֿאַרשטײנערטן גוף.

## ח

די שעה,
ווי אַ לאַנגער פינגער
טייטלט מיר נאָך,
קריצט אַ זינד־צייכן אוים אויף מיר ;
און איך,
ווי אַ פאַרבלוטיקטער גאָט,
שטיי מיט אַ וואונד צום הימל
און מיט אַ פלאַם
צו דער וועלט.

ט

כ׳וועל מיינע פלאַמען דער וועלט וואַרפן
און פלאַקערן וועט זי, ווי מיין האַרץ.
און אַז מען וועט וויינען,
וועל איך עפענען מיינע ווינקלען
און אַנטפלעקן דעם סוד,
פלאַקער מיין פייער,
שטאַרקער, שטאַרקער,
ביז דערפילן וועלן די צינדער די פלאַמען.

י

ווי אַ פֿייער־טאָפּ
צעצונד איך זיך
און רײַס די וועלט
אין מײַנע רינגען,
שלינג זי אײַן
אין מײַן צעפּלאַמט מויל
און שפּײַ זי אויס,
ווי אַ וואָלקן.

## יא

כ׳זינג מײַן נאַכט־ליד,
זינג.
אַרום מיר
פֿאַרקלײַבן זיך אָקסן ווילדע
און טאַנצן.
טאַנצנדיק
כאַפּט אײנער אויף די הערנער מיך
און וואַרפֿט מיך ערגעץ וואו אַוועק.
אַ צעלעכערטער שלעפּ איך זיך
צו אַ מויער אַ גראָע
און איך דערזע זיך אין אַ שטײַן
אַ שטײפֿן
מיט אַ האַנט אין דער הויך ;
אויפֿן קאָפּ
אַ ברייטן נאַפּאָלעאָנישן הוט
און אין מויל
אַ גרויסע פֿאַרשימלטע ליולקע.
אַ דערשראָקענער כאַפּ איך זיך אויף
און לויף.
לויפֿנדיק
פֿאַלן אַשעס אויפֿן קאָפּ מײַנעם.
כ׳קוק זיך אום
און די אַשעס פֿאַרשיטן די אויגן מיר.
כ׳שריי —
און נעבן מיר
וואַקסן אוים פֿרויען יונגע

מיט שטייפע, נאַקעטע בריסט
און שפּריצן מילך
אין די אויגן מיינע.
דערקלאָרטע עפן איך זיי
און דערזע אַרום מיר טאַנצן די אָקסן
און אויף די הערנער
ציטערט ס'געזאַנג מיינס.
אַ צערייצטער שפּרינג איך פון ראָד אַרויס
און לויף,
לויף
צו דער גראָער מויער צוריק
און זע זיך ווידער אין שטיין —
אַ שטייפן
מיט דער האַנט אין דער הויך,
מיטן ברייטן נאַפּאָלעאָנישן הוט
אויפן קאָפּ,
און די גרויסע, פאַרשימלטע ליולקע
אין מויל
און אַרום דעם גוף
וויקלען זיך רויטע, פייערדיקע דראַטן
און ברענען אים.
אַ צעלעכערטער פאַל איך אום. —
אַרום מיר טאַנצן די אָקסן,
טאַנצן.
און איך זינג מיין נאַכט-ליד,
זינג.

יב

כ׳שפּיץ די פינגער
צום הימל,
זיי ברעכן זיך אָפּ,
פאַלן אַראָפּ
און בלאָנקען
אויף דער ערד אַרום.
און אַז ס׳קומט אַ ווינט
און הויבט זיי אויף,
קוק איך אַרויף
פאַלן די פינגער,
ווי טויטע בליצן
מיר אויפן קאָפּ.

יג

כ׳טו אָפּ מיין אָקסן־עק
און שטעל זיך
אַנטקעגן דער לבנה.
און אַז דער קערפּער
ציטערט אויף. —
כאַפּ איך אַ שאָטן
און וואַרף איר,
און אַז כ׳טרעף נישט,
וואַרף איך אַ צווייטן,
אַ דריטן,
ביז אַ שאָטן
פאַרהילט זי. —
שוועבט די לבנה
אַ פאַרלאָשענע,
געפּענטעט
אין מיין אָקסן־עק.

## יד

ליגן זיי,
ווי קעלבער אויסגעצויגענע
און כראָפּן.
וועק איך זיי —
קלאַפּן פליגלען פאַרשלאָפענע
געקוילעטע אָטעמס אויס.
האַק איך זיי אָפּ
פאַלן זיי
אויפן דמיון־ראָד.
כאַפּ איך זיך אויף —
ליגן זיי,
ווי קעלבער אויסגעצויגענע
און כראָפּן.

## יח

ס'איז גוט אַזוי
צו ליגן,
ליגן.
מיטן שאַרף-גרעבערל צוקאָפּנס,
מיטן בלוט-פּעכערל צופוסנס,
און מיטן שפּאָט-ווערעמל
שפּילן זיך,
שפּילן
אויפן שטאָלענעם לייב.

יז

כ׳האָב אויפֿן שפּיץ אויפֿן פֿייערדיקן
אַוועקגעזעצט זיך.
אַ לאַווע אַ געדיכטע
האָט אין פֿליש געזאָטן ;
און אַז כ׳האָב זיך נישט אויפֿגעהויבן,
האָט אַ זון אַ גאָלדענע
פֿון קאָפּ געצויגן זיך
און שטיקער עקשנות׳קייטן
אויסגעקופּערט.

יז

העי, אייביקייט !
פון דיינע פליגלען ווייעט
טייוואליש געלעכטער.
שפינסט דעם פאָדעם
פון דורות
און איבערייסט אים :
שטיפסט פון דיין ערנסט שפיל ?
העי, אייביקייט !
צערייס דעם פאָדעם פון אַלע דורות.
וואַרף דיינע פליגלען אויף די פלאַכן
פון מענטשן-שטויב,
און בעט פאַרגעבונג פאַר דיינע זינד
באַ דיין קינד,
אומשטערבלאַכער וואַנדערער, דו !

## יח

די צייט לאַטעט אירע ריסן,
מיט מיינע טעג.
מיינע יאָרן — צעריבענע פלעקן,
אין איר אייביקן גאַנג.
מיין לעבן — אַ נאַקעטער בוים,
איך — אַן אָפּגעפּליקט בלעטל ;
די צייט — מיין תכריכים-שפּינערן ;
ווינט און שטורם — די לופט-פּעכערס,
וואָס בלאָזן אויפן מידן גוף.
איך — אַ שפּילקע-קעפּל ;
די אייביקייט — אַ וואָגן-היי ;
די צייט — אַ פורמאַנקע,
וואָס פאָרט פאַרביי.

## יט

טריט בײַ טריט
האָב איך מײַנע שעה'ן,
צעטרעטענע געפֿונען. —
כ'האָב די יונגע, טויטע בלומען
אויפֿגעקליבן,
פֿאַרפֿלאַנצט אין מײַן האַרצן
און פֿאַרבליט,
האָט מײַן פֿרילינג-גאָרטן.

כ

אַ שמעטערלינג
פֿאַלט פֿלאַטערנדיק
צו דער ערד.
אַרום איז שטיל,
אַלץ איז פֿאַרקלערט,
ווי ס'וואָלט דער בין-השמשות
זיך פֿאַרטראַכט —
אַ מחשבה שוועבט,
גוועבט פֿליענדיקע
שמעטערלינגען —
קוק איך צום הימל,
צו ווייטע רוימען
און אויפֿן שמעטערלינג,
וואָס צאַפּלט אויף דר'ערד
און פֿאַרזינקט,
אין אייביקן שלאָף.

## בא

ס'האָבן ווייסע געוואַנטן
מיך איינגעהילט ;
און ווייכע רייד,
האָבן, ווי יונגע שנייעלאַך
געגלעט מיך.

## כב

גאָט,
וואָס וועסטו טאָן
ווען כ'וועל קומען ?
זעסטו נישט
אַז כ'בין,
ווי אַ חלף אַ בלאַנקנדיקער ?
אויף די ברעגן זיינע
ליגט די חרפה,
מיטן בושה-העמדל
אָפּגעדעקט.
גאָט,
וואָס וועסטו טאָן
ווען כ'וועל קומען ?

כג

כ׳וועל אַוועקשטעלן מיך
נישט ווי כ׳בין,
נאָר ווי כ׳בין געווען.
צו מיר
וועל איך שפּעטער קומען,
מיט אַ בינטל פאַרוועלקטע בלומען
און אַוועקשטעלן עס,
נישט ווי ס׳איז,
נאָר ווי ס׳איז געווען.

כד

כ׳בין דאָ געווען,
כ׳בין דאָ געווען.
און דער טאָג מיינער האָט געציטערט,
ווי אַ קליין איבערשראָקן קינד.
און ווען נאַכט
אַ נישט געזעענע
האָט מיך, אַ געקלאַמערטן
אַוועקגענומען —
האָב איך הינטער מיר,
מיך שרייען געהערט:
כ׳בין דאָ געווען,
כ׳בין דאָ געווען.

## כה

דורכזיכטיקט מיין ליד,
ווי אַן אויסגעשטיקטער שטראַל.
און דערנעבן זיץ איך,
ווי אַ מענטש אַ גאָלדענער
און קוועל.
קריכט מיין ליד
צו מיר אויפן שוים,
צי איך מיך אוים
און ליג,
ווי אַ מענטש אַ גאָלדענער
מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ.

## באַמערקטע דרוקפעלער

ז. 27, שורה פון אונטן, דאַרף זיין
ציטערדיק אַנשטאָט ציטערנדיק.

ז. 81, שורה פון אויבן, דאַרף זיך לייענען :
רויט-צעצונדענע קערפערם צעפלאַקערן זיך.

ז. 85, שורה 3 פון אויבן, דאַרף זיין
ווינקלען אַנשטאָט וויקלען.

ז. 96, שורה 6, דאַרף זיך לייענען :
און מיטן שפּאָט-ווערעמל.

ז. 22, שורה 2 פון אויבן, דאַרף זיך לייענען :
אויסגעוואַקסן.